# די עקאנאמישע אנטוויקלונג פֿון יודישען פֿאלק.

### .1

צוזאמען מיט'ן גאַנצען איבערבוי פֿון דער וועלט-ווירטשאַפֿט, איז אין משך פֿונ'ם לעצטען יאָר-הונדערט אָנגעגאַנגען אויך אַ גוואַלטיגע רעוואָלוציע אין עקאָנאָמישען לעבען פֿונ'ם יודישען פֿאָלק, פֿון אַ פֿאַרמיטלער- און הענדלער-פֿאָלק וואַקסט אויס אַ פֿאָלק פֿון פּראָדוקטיווע אַרבייטער און שאַפֿער. די פּראָדוקטיווירונג פֿון דער יודישער אַרבייט — דאָס איז דער אַלגעמיינער לויף, די אויסגעשפּראָכענע טענדענץ פֿון דער יודישער עקאָנאָמיק.

נאָר לאָמיר קודם פֿעסטשטעלען, מיט וואָס דאָס עקאָנאָמישע לעבען פֿון די יודען צייכענט זיך אויס פֿון די אַלע אומות-העולם, — לאָמיר פֿאָרמולירען און אויסטייטשען, אין וואָס עס בעשטייט די *אַנאָמאַליע*, די אומנאָרמאַלע לאַגע פֿונ'ם יודישען ווירטשאַפֿטס-לעבען. ס'לוינט זיך נישט צו פּאָלעמיזירען מיט יענע איינגע'עקשנטע גלות-פֿאַרטיידיגער, וועלכע האַלטען אין איין פֿאַרמאַכען די אויגען אויף דער אומנאָרמאַלער לאַגע. מענשען, וואָס מאַכען זיך נישט זעהענדיג און נישט הערענדיג די דייטליכסטע און די זיכערסטע ווירקליכקייט, וועלען שוין קיין שום אַרגומענטען נישט איבערמאַכען. נאָר די שטים פֿון די גלות-אָפּטימיסטען האָט שוין פֿאַרלוירען איר אַמאָליגע פֿעסטקייט. און היינטיגען טאָג געפֿינט זיך נישט קיין איינציגער ערנסטער בעאָבאַכטער פֿונ'ם יודישען לעבען,

וועלכער זאָל נישט איינזעהן, אַז די עקאָנאָמישע יסודות פון דער יודישער עקזיסטענץ זענען נישט נאָרמאַל.

אין וואָס בעשטייט די דאָזיגע אַנאָמאַליע, — דאָס איז נאָך ווייט נישט קלאָר פאַר די פאָרשער. ס'טרעפט, אַז אַ מענש איז יאָרען-לאַנג קראַנק און ליידט פאַרשידענע יסורים, נאָר די דאָק-טוירים קאָנען פאָרט נישט בעשטימען, וואו ליגט די סיבה פון די קראַנקהאַפטע סימפּטאָמען. אז מיר האָבען צו טון מיט אַ חולה, — איז קיין שום ספק נישט. נאָר די קראַנקהייט אַנטוויקעלט זיך און דער אָרגאַניזם אַרבייט אויס אַליין פון זיך די לעבעדיגע זאַפטען, וואָס זאָלען די קראַנקהייט בעקעמפען. אַזוי ענדערט זיך וואָס אַ יאָר דאָס בילד פון'ם חולאת, ס'בייטען זיך די סימפּטאָמען און די דאָקטוירים גיט זיך נישט איין אַוועקצושטעלען אַ בעשטימטען דיאַ-גנאָז. אַזוי איז אויך מיט'ן יודישען פאָלקס-חולה—ער איז נישט קיין פאַסיווער, אָפּהענגיגער קראַנקער, וואָס לאָזט זיך בעהערשען און פאַרניכטען פון דער חולאת. דאָס יודישע פאָלק האָט פאַרקערט פון זיך אַליין אַנטוויקעלט יענע אינערליכע כחות, וואָס שטרעבען צו בעזייטיגען די קראַנקהייט און צוריקצובריינגען דאָס אָרגאַנישע גלייכגעוויכט. דערמיט ערקלערט זיך וואָס דאָס בילד פון דער קראַנקהייט האַלט אין איין בייטען זיך, און וואָס די סאָציאַלע „דאָקטוירים" פון אונזער פאָלק האָבען אין פאַרשידענע צייטען געשטעלט אַזעלכע פאַרשידענע דיאַגנאָזען.

אַ יאָר דרייצען-פערצען צוריק איז ביי אַ טייל יודישע סאָ-ציאַליסטען געווען אין דער מאָדע די אַזוי גערופענע „נישט-פראָ-לעטאַריזירונגס"-טעאָריע. די טעאָריע האָט אין זיך אַ קערענדעל געזונטען אמת, נאָר אין איר אורשפּרינגליכער פאָרם האָט זי גע-האַט אַ צו פּרימיטיווע און האַמעטנעס אויסזעהן, מיט וועלכען זי האָט זיך נישט געקאָנט לאַנג האַלטען. פון אָנהייב האָט עס געהיי-סען, אַז „דער יודישער פּראָלעטאַריאַט קאָן זיך נישט פּראָלעטאַ-

ריזירען". דער בריליאַנטער ווידערשפּרוך, וואָס שטעקט אין די ווערטער גופא, האָט אינגיכען געבראַכט דערצו, אַז די פּועלי-ציון, וועלכע האָבען די ערשטע די טעאָריע אַרויסגעפונען, האָבען זיך פון איר באַלד אָפּגעזאָגט. פון אַלע פּראָלעטאַריש-ציוניסטישע ריכטונגען זענען נאָר די ציוניסטען-סאָציאַליסטען (די „ס. ס.") לענגער פאַרבליבען ביי דער דאָזיגער אומלאָגישער טעאָריע, אויפ'ן גרונט פון וועלכער דער טיפּסטער סאָציאַל-עקאָנאָמיסט פון די ס. ס., יעקב לעשטשינסקי, האָט געשריבען זיין בוך „דער יודישער אַרביטער (אין רוסלאַנד)", אַ בוך פול מיט וויכטיגע געדאַנקען און נישט ווייניגער וויכטיגע פעלערען*).

ס'איז אַן אומזין צו זאָגען, אַז יודישע אַרבייטער אָדער פּראָלעטאַריער „פּראָלעטאַריזירען זיך נישט". ממה נפשך: זענען זיי שוין אַרבייטער, הייסט עס, אַז זיי האָבען זיך נאָך פריער פּראָלעטאַריזירט, געוואָרען אויס אייגענטימער און אַוועק אויפ'ן מאַרק פאַרקויפען זייער אַרבייטס-קראַפט; און אויב זיי קאָנען זיך נישט פּראָלעטאַריזירען, קאָנען זיי אויך קיין לוין-אַרבייטער נישט ווערען. אַ ווייטערדיגער אומזין איז, ווען אַ יודישע אין אַ סאָציאַליסטישע און אַן אַרבייטער-פּאַרטיי ערקלערט, אַז אירע אייגענע אַרבייטער

---

דאָ איז דער אָרט צו בעמערקען, אַז דער ערשטער בעשאַפער פון דער „נישט-פּראָלעטאַריזירונגס"-טעאָריע איז געווען אין—1902 יאָר ד"ר ה. ד. הורוויץ, וועלכער האָט זיך דערנאָך אָפּגעזאָגט פון איר. וועגען דער „אַרויסשטויסונג" פון די יודען פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס האָט נאָך פאַר אים געשריבען ס. פעווזנער אין דער „בודושטשנאָסט". איך וויל דאָ אויך בעטאָנען, אַז איך האָב קיינמאָל נישט געהאַלטען פון דער דאָזיגער טעאָריע אַזוי ווייט, אַז ווען די רוסישע פּועלי-ציון האָבען זיך אַ קורצע צייט מיט איר אַרומגעטראָגען (אין 1903 ביז 1905), האָב איך זיך מחמת דעם גרונט דערווייטערט פון די פּועלי-ציון, וועלכע איך האָב אַליין געהאָלפען גרינדען אין 1900—1902 יאָר. יעדענפאַלס האָט די טעאָריע נישט בעהאַט ביי די פּועלי-ציון קיין אָפיציעלע עקזיסטענץ-רעכט.

קאָנען נישט זיין קיין פּראָלעטאַריער אינ׳ם אייגענטליכען און
סאָציאַליסטישען זין פֿון וואָרט. אומריכטיג איז עס, ווען מ׳מיינט,
אַז די יודישע אַרבּייט קאָן זיך נישט אינדוסטריאַליזירען. דער בּע-
קאַנטער, בּכלל זייער ערנסטער עקאָנאָמיסט י. לעשטשינסקי האָט
זיך בּעקלאָגט אין זיין אויבּען דערמאָנטען בּוך וועגען די יודישע
אַרבּייטער (1906 יאָר), אַז אין יאָר 1897 און אפשר אויך איצט
איז אין גאַנץ רוסלאַנד נישט געווען קיין איינציגע פֿאַבּריק, וואו
ס׳זאָלען זיין בּעשעפֿטיגט טויזענט יודישע אַרבּייטער**) די דאָזיגע
טענה איז אָבּער נישט בּעגרינדעט אויף די פֿאַקטען: אין דעמזעל-
בּיגען סטאַטיסטישען זאַמעלבּוך פֿון דער יק״א, אויף וועלכען י.
לעשטשינסקי האָט זיך מייסטענס געשטיצט, וואָלט ער געקאָנט
געפֿינען (בּ. 2, ז. 77) אַ יודישע טאַבּאַק-פֿאַבּריק אין גראָדנאָ (שע-
רעשעווסקי׳ס פֿאַבּריק), וועלכע האָט אין יאָר 1898—1899 גע-
ציילט 1594 יודישע אַרבּייטער; די דאָזיגע פֿאַבּריק האָט געהאַט
אַ דאַמף-מאַשין פֿון 36 פֿערד-קרעפֿטען. אין דער רייכער און וייט-
פֿאַרצווייגטער ליטעראַטור פֿון דער יודישער, ווי אויך פֿון דער אַל-
געמיינער רוסלענדישער אַרבּייטער-בּעוועגונג זענען אין משך פֿון
לאַנגע יאָרען געדרוקט געוואָרען אויספֿירליכע קאָרעספּאָנדענצען
וועגען אומציילינע שטרייקען פֿון יודישע אַרבּייטער אין דער רו-
סישער „טשערטאַ״. שטודירענדיג די דאָזיגע אומלעגאַלע ליטעראַ-
טור, טרעפֿט מען דאָרט אָן אין די יאָרען 1900—1905 אַ מאַסע
גרויסע יודישע פֿאַבּריקען, נישט ווייניגער ווי 50 גרויסע אונטער-
נעמונגען, וואו ס׳זענען געווען בּעשעפֿטיגט נישט ווייניגער ווי צו
הונדערט יודישע אַרבּייטער אין איטליכער פֿאַבּריק. אַזוי ווערען
דאָרט פֿאַרצייכענט: די אָט ערשט דערמאָנטע טאַבּאַק-פֿאַבּריק
אין גראָדנאָ מיט כמעט 2.000 אַרבּייטער, אַ גאַלאַנטעריע-פֿאַבּריק

**) איך האָבּ נישט דעם בּוך אונטער דער האנד, און איך ציטיר
אויפ׳ן זכרון, נאָר פֿאַר דעם זינען פֿונ׳ם ציטאַט גאַראַנטיר איך.

אין ווארשע מיט 1500 אַרבייטער, צוויי שוועבלעך-פֿאַבריקען צו 800 אַרבייטער, אַ טאַבאַק-פֿאַבריק מיט 500 אַרבייטער, אַ פּאָרצעליי-פֿאַבריק (אין שטעטעל פּאָלאָנאָיע) מיט 400 יודישע אַרבייטער און אַז. וו.

2.

ס'איז קיין ספק נישט, אַז די עמיגראַציע קיין אַמעריקאַ האָט געעפֿענט פֿאַר דעם יודישען אַרבייטער אין געוויסע הינזיכטען נאָך ברייטערע פּערספּעקטיווען, איידער די אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע אין דער אַלטער היים. מיר האָבען נישט קיין סטאַטיסטיק פֿון יודישע פֿאַבריקען אין די פֿאַראייניגטע שטאַטען, נאָר איין זאַך ווייסען מיר מיט זיכערקייט: הגם די יודישע אַרבייט האָט דאָ געקריגען אַ פֿיל איינזייטיגערע אַנטוויקלונג, ווי אין רוסלאַנד, הגם די יודישע אַרבייט איז דאָ קאָנצענטרירט כמעט אויסשליסליך אין דער נאָדעל-אינדוסטריע, בעת אין רוסלאַנד איז זי מער גלייכמעסיג פֿאַרטיילט איבער פֿאַרשידענע אינדוסטריען, דאָך האָט זי אָנגענומען אַ דייטליכען גרויס-קאַפּיטאַליסטישען כאַראַקטער. אין פּעטערסאָן צ. ב. זענען פֿאַראַן גרויסע וועבערייען מיט יודישע אַרבייטער. ראָזענוואַלדס בעקאַנטע ריזיגע קליידער-פֿאַבריק אין טשיקאַגאָ ציילט עטליכע טויזענט יודישע אַרבייטער.

נאָר נישט קוקענדיג אויף די אַלע פֿאַקטען, איז אויך ריכטיג, אַז די יודישע אינדוסטריען אַנטוויקלען זיך נישט אַזוי אינטענסיוו, ווי די נישט-יודישע. דער פֿאַרנעם אַפֿילו פֿון דער גרעסטער יודישער פֿאַבריק קען זיך נישט גלייכען מיט די אומגעהייערע דימענסיאָנען פֿון די נישט-יודישע אונטערנעמונגען. אַזעלכע גוואַלטיגע אונטערנעמונגען, ווי דער פּוטילאָווער זאַוואָד, קרופּס און סקאָדאַס אייזענגיסערייען, פֿאָרדס פֿאַבריקען, זענען ביי יודען נישט בנמצא. מיר קענען אַפֿילו נישט חלום'ען וועגען עפּעס אַזוינס און די יודישע אַרבייטער האָבען צו אַזעלכע גראַנדיעזע אונטערנעמונגען דעם קנאַפּסטען צוטריט אָדער גאָר קיין צוטריט נישט.

די יודישע מאַסען „פּראָלעטאַריזירען" זיך, די יודישע אַרבייט „אינדוסטריאַליזירט" זיך, נאָר די טעמפּאָ איז בײַ אונז אַ לאַנגזאַמע און די אַנטוויקלונג אַ בעשרענקטע און אַן אײַנזייטיגע.

אויסערדעם לאָזט זיך נישט לייקענען, אַז די יודישע אונטערנעמער האָבען אַ טענדענץ צו פאַרקלענערונג און צעבּרעקלונג פון דער פּראָדוקציע, וואָס דער בעקאַנטער עקאָנאָמיסט ס. אָ. מאַרגאָלין האָט אָנגערופען „די אינדיווידואַליזאַציע" פון דער אינדוסטריע. אַ יוד אַנטשליסט זיך צו ווערען אַ בעל־הבית פאַר זיך בײַ אַזוינע מאָגערע מיטלען און בײַ אַזוינע אָרימע אויסזיכטען, ווען אַ קריסט וואָלט דאָס קיינמאָל נישט געוואַגט. מיט דעם נישטיגסטען „קאַפּיטאַל" עפענט אַ יוד אַן אייגענע אונטערנעמונג און ווערט אַ „קאַפּיטאַליסט", בשעת זיין קריסטליכער אַרבייטער, וואָס האָט אפשר אָפּגעשפּאָרט מער פאַר אים, בלייבט זיין גאַנץ לעבען אַ שקלאַף פאַר אַן אַנדערען. דער יוד פאַרמאָגט אַ שטאַרקען אונטערנעמונגס־גייסט. ער וויל נישט בלייבען קיין פּראָלעטאַריער און בענוצט די מינדעסטע געלעגענהייט אַרויפצוקלעטערען העכער אויפ'ן סאָציאַלען לייטער.

דער דראַנג אַרויף כאַראַקטעריזירט די יודישע אַרבייטערמאַסען. שניידער, שוסטער, ציגאַרען־מאַכער וואַרפען זייער מלאכה און מיט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, מיט די ביטערסטע קרבנות שטרעבען זיי צום „תכלית", צו ווערען פאַרזיכערונגס־אַגענטען, דאַנטיסטען, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, און נאָך אָפטער אייגענע „ביזנעסלייט" פאַר זיך. ס'פליסט און בעוועגט זיך כסדר דער מענשליכער בעשטאַנד פון'ם יודישען אַרבייטער־קלאַס: טויזענטער רייסען זיך אַרויס, נייע טויזענטער קומען אַריין. דאָס איז די פ ל ו ק ט ו אַ צ י ע פון'ם יודישען אַרבייטער אין אַלע פאַכען און אין אַלע פאַריינען.

אָט די אַלע אייגענאַרטיגע ערשיינונגען פון'ם יודישען אַרבייטער־לעבען האָבען זייערע וואָרצלען אין די אַלגעמיינע היסטאָרישע אייגענשאַפטען פון אונזער עקאָנאָמיק.

אין וואָס זשע בעשטייט די אייגענאַרטיגקייט פֿון דער יודישער עקאָנאָמיק? כּדי צו פֿאָרמולירען די דאָזיגע ערשיינונג, דאַרפֿען מיר זיך ווענדען צו דער אַלטער פּועלי-ציוניסטישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד מיט אַריבער 10 יאָר צוריק, אָדער נאָך עלטער, צום גרעסטען דענקער פֿונ'ם גריכישען אַלטערטום, — צו אַריסטאָטעל'ן. דער לעצטער איז געווען נישט נאָר אַ גאונ'ישער פֿילאָזאָף, נאָר אויך אַ גרויסער פּאָליטיקער און אַ טיפֿזיניגער עקאָנאָמיסט. נישט אומזיכט ווערט אַריסטאָטעל מיט אַזאַ אַכטונג ציטירט פֿון קאַרל מאַרקס. איך וויל דאָ אָבער ציטירען אַריסטאָטעלס אַ געדאַנק, וואָס די מאַרקסיסטען האָבען ביז איצט אינגאַנצען פֿאַרגעסען און פֿאַרנאַכלעסיגט, און דאָס איז זיין לערע וועגען צוויי מינים פּרנסה: די פּרנסה פֿון נאַטור (קטעסיס קאַטאַ פֿיסין) און די פּרנסה פֿון מענשען (קטעסיס קאַטאַ אַפּ'אַנטראָפּאָן). דער אַקערבויער, דער בערג-אַרבייטער, דער פֿישער קריגען זייער חיונה פֿון דער נאַטור; דער סוחר, דער באַנקיר, דער מעדיקער, דער יוריסט קריגען זייער פּרנסה פֿון מענשען.

וואוהין געהערען די יודישע פּרנסות? אַריסטאָטעלס קלאָרע צוטיילונג גיט אונז תּיכּף די תּשובה: צום אונטערשייד פֿון אַלע אַנדערע פֿעלקער, וועמענס עיקר-פּרנסה איז פֿון דער נאַטור, לעבען די יודען דורכויס פֿון פּרנסות פֿון מענשען.

כּדי דאָס גענויער אויסצוטייטשען, וועלען מיר זיך נאָך בענוצען מיט דער אינטערעסאַנטער מאָדערנער עקאָנאָמישער טעאָריע פֿון אָטאָ עפּערץ, וועלכער צוטיילט די מענשליכע פּראָדוקציע לויט דעם, וויפֿיל אין איר בעטייליגען זיך דער באָדען און די אַרבייט. ווי שווער ס'זאָל נישט האָרעווען דער פּויער איבער זיין אַקער-פֿעלד, פֿאָרט וועט זיך דער באָדען מער בעטייליגען אינ'ם פּראָדוקט, איידער די מענשליכע אַרבייט. די אַרבייט בעשטייט דאָ אין מיסטיגען, אויסבעסערען דעם באָדען, אַקערן

אים און פֿאַרזייען די זריעה און דערנאָך אַראָפּנעמען די תּבואה. די עיקר-פּראָדוקציע פֿון דער תּבואה ווערט אָבער בעזאָרגט פֿון דעם נאַטירליכען באָדען גופֿא. און פֿאַרקערט, ווי קליין ס'זאָל נישט זיין די אַרבייט פֿונ'ם יודישען שניידער איבער'ן שטיק וואָלענע סחורה, פֿאָרט איז דאָ דער חלק פֿון דער מענשליכער אַרבייט אַסך גרעסער, איידער דער חלק פֿונ'ם באָדען, פֿון דער נאַטור: די נאַטור האָט פּראָדוצירט די שעפּסען, די וואָל אויף זיי, און דאָס איבּריגע טוען שוין פֿאַרשידענע מענשען. זיי שערען די שאָף, בעאַרבייטען די וואָל, שפּינען זי, פֿאַרבען און וועבען זי, ביז עס ווערט דערפֿון אַ שטיק שטאָף. אין אָט דעם שטיק סחורה ליגט שוין אַ מאַסע מענשליכע אַרבייט און נאָר אַ קנאַפּער חלק פֿון דער נאַטור. דערנאָך קומט דער שניידער און נייט פֿון דער סחורה אַ מלבוש, אַזוי אַז אין דעם פֿאַרטיגען מלבוש שטעקט שוין נאָר דער מינימאַלסטער חלק פֿונ'ם באָדען מיט אַ גרויסען טייל מענשליכער אַרבייט.

נמצא, אַז אין דער יודישער פּראָדוקציע איז דער חלק פֿון באָדען, פֿון נאַטור פֿאַרשווינדענדיג-קליין, בעת דער חלק פֿון מענשליכער אַרבייט איז דאָ אָן אַן ערך גרעסער. ביי די אומות העולם, פֿאַרקערט, האָט דער באָדען אויך אַ גוואַלטיגען חלק אין דער פּראָדוקציע.

נישט אומזיסט האָט מען געזאָגט, אַז די יודישע ווירטשאַפֿט איז אַ „לופֿט-ווירטשאַפֿט" און דאָס יודישע לעבען—אַ „לופֿט-לעבען". דער שאַרפֿזיניגער מאַקס נאָרדוי האָט דעם אויסדרוק „לופֿט-מענש" אריינגעבראַכט אין דער ליטעראַטור און מיינען מיינט דאָס, אַז די יודישע אַרבייט איז דערווייטערט פֿונ'ם באָדען, פֿון דער נאַטור.

אויך די אָרומיגע פֿעלקער לעבען נישט דורכויס פֿון דער נאַטור, זייער פּראָדוקציע שטעלט זיך צונויף פֿון ביידע עלעמענטען — באָדען און אַרבייט, און וואָס מער ס'אַנטוויקעלט זיך די

אינדוסטריע, אַלץ גרעסער ווערט דער חלק „אַרבייט" און בערג'דיג אַלץ קלענער דער חלק „באָדען". נאָר דער עלעמענט „באָדען" בלייבט אַ שטענדיגער עלעמענט אין דער ווירטשאַפט פון די אומות העולם, בשעת ביי די יודען איז אָט דער עלעמענט נאָך קיינמאָל נישט, און די יודישע פּראָדוקציע בעשטייט אויסשליסליך פון'ם עלעמענט „אַ ר ב יי ט".

ווייטער צוטיילט זיך די אַרבייט גופא אויף צוויי עלעמענ-מען: האַנט-אַרבייט, אָדער גענויער „פ י ז י ש ע" אַרבייט (מיט די הענט, מיט די פיס, מיט אַנדערע איברים) און קאָפּ-אַרבייט, אָדער געגויער: גייסטיגע אַרבייט. ס'איז אַ בעקאַנטע זאַך, אַז אין די יודישע פּרנסות פאַרנעמט די גייסטיגע אַרבייט אַסך אַ ברייטערען פּלאַץ, איידער ביי אַנדערע פעלקער. אויך ביי די אומות-העולם, וואָס מער ס'אַנטוויקעלט זיך די „קולטור", וואַקסט דער חלק פון גייסטיגער אַרבייט. אָבער קיינמאָל נישט אין אַזאַ גרויסער מאָס, ווי ביי די יודען.

דער קאַפּיטאַליסט לייגט אַריין אין זיין אונטערנעמונג בעיקר די „גייסטיגע" אַרבייט, ער אָרגאַניזירט דאָס געשעפט, שאַפט מיט אים. דער לוין-אַרבייטער לייגט אַריין אין דער פּראָדוקציע הויפּטזעכליך זיין „פיזישע" אַרבייט און, ווייל די יודען אַרבייטען גערן מיט'ן קאָפּ, דערפון שטאַמט טאַקע זייער אונטערנעמונגס-גייסט, וואָס טרייבט דעם יודישען אַרבייטער צו ווערען אַ קליינער געשעפטס-מאַן פאַר זיך. דער אינדיווידואַליזם פון דער יודישער עקאָנאָמיק האָט אַלזאָ זיינע וואָרצלען אין אָט דער היסטאָרישער באָדענלאָזיגקייט. האָבען מיר אַלזאָ ביי יודען צוויי וויכטיגע ערשיינונגען:

1) דעם איבערוואָג פון אַרבייט איבער דעם באָדען, און

2) דעם איבערוואָג פון „גייסטיגער" אַרבייט איבער דער „פיזישער".

3.

איצט לאָמיר צוטיילען די צווייגען פון דער מענשליכער פּראָדוקציע. קודם-כל ווילען מיר זעהן, אַז מענשען פּראָדוצירען דרייערליי זאַכען: 1) פּ ר אָ ד ו ק צ י אָ נ ס-מ י ט ל ע ן, ד. ה. מאַשינען, רויע מאַטעריאַלען, הילפס-מאַטעריאַלען, אינסטרומענטען: 2) פ אַ ר ק ע ר ס-מ י ט ל ע ן, ד.ה. וועגען, באַנען, וואָגענס, שיפען, דעם טעלעגראַף, טעלעפאָן וכדומה; 3) ג ע ב ר ו י כ ס-מ י ט-ל ע ן, ד. ה. נאַרונג, קליידונג, הייזער, מעבעל, כלים, בעלייכטונג, ביכער, מוזיק-אינסטרומענטען, בילדער וכדומה. נאָר די דריי קאַטעגאָריעס לאָזען זיך טיילען נאָך ווייטער, לויט זייער נאָענטקייט אָדער ווייטקייט פון דער נאַטור. כדי, צום ביישפּיל, צו פּראָדוצי-רען אַ פּאָר שיך, מוז די מענשליכע אַרבייט דורכגיין די פאַרשי-דענסטע שטאַפּלען פון אָנווענדונג, דהיינו:

קודם אַרבייט דער פּויער, האָדעווענדיג די פיה אויף דער פּאַשע, — האָבען מיר די ל אַ נ ד ו י ר ט ש אַ פ ט ל י כ ע או ר-פּ ר אָ ד ו ק צ י ע (ווידענבוי און פיה-צוכט); דאַן קומט דער שוחט, וואָס שעכט די בהמות; דאַן דער נאַסער גאַרבער, וואָס ווייקט די פעל, און דער טרוקענער גאַרבער, וואָס בעאַרבייט זי דערנאָך די פאַרשידענע פאַכען פון דער לעדער-אינדוסטריע און ענדליך דער שוסטער, וועלכער לאָזט אַרויס אַ פאַרטיגע פּאָר שיך.

לאָמיר איצט אָנרופען „ד י ע ר ש ט ע ס ט אַ ד י ע ן פ ו ן פּ ר אָ ד ו ק צ י ע“ יענע, וואָס שטייען צום נאָנטסטען צו דער נאַ-טור. דאָס וועלען זיין: אַקערבוי, גערטנעריי און פיהצוכט. דאָ איז דער עלעמענט „באָדען“ דער גרעסטער און דער עלעמענט „אַרבייט“ זייער קליין אין פאַרגלייך מיט'ן באָדען. שוין אַביסעל ווייטער פון דער נאַטור שטייט „ד י א י נ ד ו ס ט ר י ע ל ע פּ ר אָ ד ו ק צ י ע“, ד. ה. בערגבוי, שטיין-אינדוסטריע און וואַלד-ווירטשאַפט מיט זייערע ווייטערע צווייגען. דאָ איז שוין

**דער עלעמענט „אַרבייט" גרעסער, ווי אין דער פריהערדיגער** קאַטעגאָריע. נאָך ווייטער פון דער נאַטור געפינען זיך די „סעקונדערע מיטעלע סטאַדיען פון פראָדוקציע", דהיינו: מעטאַל-אינדוסטריע, וועבעריי, בוי-אינדוסטריע. שוין גאָר נאָנט צום פאַרברויכער און גאָר ווייט פון דער נאַטור וועלען זיין די „טערציערע מיטעלע סטאַדיען", וואוהין ס'גייען אריין אויך אַזוינע בעקאַנטע יודישע מלאכות, ווי האָלץ-אינדוסטריע, כעמישע אינדוסטריען, לעדער- און פאַפיר-פראָדוקציע. צולעצט קומען די „לעצטע פראָדוקציאָנס-צווייגען", וואָס דינען דירעקט דעם פאַרברויכער. דאָס איז דער רוב מנין און רוב בנין פון טראַדיציאָנעלע יודישע פרנסות: נאָדעל-אינדוסטריע, בעקעריי, טיפּאָגראַפישע און אַנדערע אַזוינע מלאכות, פון וועלכע דער עלעמענט „באָדען" איז שוין אינגאַנצען ווי פאַרשוואונדען און די גאַנצע פראָדוקציע בעשטייט פונ'ם עלעמענט „אַרבייט".

הייגט וואָס זאָגט אונז די סטאַטיסטיק? אין דער טאַבעלע 1 זענען אויפ'ן גרונט פון דער רוסישער פאָלקס-ציילונג פון יאָר 1897, און פון דער עסטרייכישער פון יאָר 1900 צוטיילט געוואָרען די יודישע פרנסות לויט זייער דערווייטערונג פון דער נאַטור און לויט דעם פראָצענט, וואָס זיי פאַרנעמען צו דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג פונ'ם לאַנד.

די טאַבעלע 1 דערציילט אונז אָט וואָס:

א) אַז די יודישע אַרבייט איז כמעט לחלוטין דערווייטערט פון דער נאַטור. אין דער לאַנדווירטשאַפט בילדען די יודען עפּעס מער ווי איין האַלב פראָצענט אין רוסלאַנד און אַנדערהאַלבען פראָצענט אין גאַליציע.

ב) אַז דער פראָצענט פון די יודישע פרנסות וואַקסט אַלץ מער און מער אין דער מאָס, ווי די פראָדוקציע דערווייטערט זיך פונ'ם באָדען. אין דער אינדוסטריעלער אור-פראָדוקציע בילדען

די יודען ס"ה 8—9 פּראָצענט צווישען די נישט-יודען; אין די סעקונדערע מיטעלע סטאַדיען הייבט זיך שוין דער יודישער פּראָצענט ביז 15 — 20, אין די טערציערע מיטעלע סטאַדיען בילדען שוין די יודען אַ פערטעל און אַפילו אַ דריטעל צווישען די נישט-יודען;

ג) אין די לעצטע סטאַדיען פון דער פּראָדוקציע בילדען שוין די יודען כמעט אַ העלפט צווישען די נישט-יודען, — ד. ה. גראָד דאָרט, וואו מען האָט שוין אַבסאָלוט נישט צו טון מיט'ן באָדען, וואו ס'פעלט יעדע בערירונג מיט דער מוטער-נאַטור.

ד) די גרויסע מערהייט נישט-יודען שעפּט די חיונה פון דער נאַטור (פון קלאַס 1 און 2, ד. ה. פון דער אור-פּראָדוקציע אין לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריען) און די גרויסע מערהייט יודען לעבט פון מענשען. אין רוסלאַנד און אין גאַליציען זענען 70 ביז 80 פּראָצענט פון אַלע יודען פאַרנומען אין די לעצטע צוויי קלאַסען, אין די פאָרלעצטע און לעצטע פּראָדוקציאָנס-סטאַדיען. 70 ביז 80 פּראָצענט נישט-יודען מאַכען אַ לעבען פון דער נאַטור, בשעת 70 ביז 80 פּראָצענט יודען מאַכען אַ לעבען פון מענשען.

די ציפערען זענען גענומען פון דער אָפיציעלער מלוכה-סטאַטיסטיק, וועלכע האָט מסתמא נישט געהאַט אין זינען קיין שום ציוניסטישע טעאָריעס און בכלל נישט גע'דאגה'ט זיך וועגען יודישע פּראָבלעמען. די צוטיילונג אויף קלאַסען האָב איך דאָ געמאַכט און אַזוי ווי מיין צוטיילונג איז אַ גאַנץ אַנדערע, ווי אין דער מלוכה-סטאַטיסטיק, און חוץ דעם ווערען די פּרנסות אין רוסלאַנד אַנדערש געטיילט ווי אין עסטרייך, זענען אין געוויסע רובריקען אָפּטמאָל אַריינגעפאַלען אויך אויך אַזוינע מלאכות, וואָס געהערען לויט אונזער שטאַנדפּונקט צו אַן אַנדערען קלאַס. אָט נעמט למשל די „מעטאַל-אינדוסטריע", ווי זי ווערט פאַרצייכענט אין דער אָפּיציעלער סטאַטיסטיק. דאָ ווערען אַריינגערעכענט סיי די גרויסע מעטאַלורגישע אינדוסטריע, וואָס געהערט צום קלאַס 3, סיי אויך די

קליינע מעטאַל-מלאכות, ווי שמידעריי, שלאָסעריי, בלעכעריי, וואָס וואָלטען גאָר געדאַרפט גערעכענט ווערען צו קלאַס 5.

ווען די אָפיציעלע סטאַטיסטיק וואָלט נישט געוואָרפען אַלצ-דינג אויף איין באַרג, וואָלט זיך די יודישע לאַגע נאָך קלאָרער אויסגעדריקט אין די ציפערען. נאָר אויך אַזוי איז די זאַך גאַנץ קלאָר: דאָס געזעץ פון דער יודישער עקאָנאָמיק שלאָגט זיך מעכטיג אַדורך דורך די פאַרמישונגען פון דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק, — דאָס געזעץ, אַז וואָס מער אַ געוויסע פרנסה דערווייטערט זיך פון דער נאַטור, אַלץ מער קאָנצענטרירט זיך דווקא דאָרט די יודישע אַרבייט.

אַזוי ווי אַן עקשנות'דיגע היסטאָרישע בייטש וואָלט די יודען געטריבען אַלץ ווייטער און ווייטער פון ערד און נאַטור, אַלץ העכער און העכער אין דער שיטערער סאָציאַלער לופט: אַזוי ווי אַ ביטערע היסטאָרישע פאַרשווערונג וואָלט האַלטען די יודישע מאַסען אין די קייטען פון עקאָנאָמישער באָדענלאָזיגקייט, — טרייבען ווייטער, ווייטער פונ'ם באָדען...

די טרוקענע ציפערען פון טאַבעלע 1 מיינען צו זאָגען, אַז די יודען זענען דערווייטערט גראָד פון די וויכטיגסטע פון די זיכערסטע, פון די איינפלוסרייכסטע צווייגען אין דער פראָדוקציע, פון יענע צווייגען, אַרום וועלכע עס דרייט זיך דאָס ראָד פון דער געשיכטע. אָנשטאָט אַריינצודרינגען אינ'ם געזונטען, קרעפטיגען צענטער פונ'ם עקאָנאָמישען לעבען, פאַרשפרייטען זיך די יודישע מאַסען אויף זיין פעריפעריע, אויף זיין אויבערפלאַך... דער גורל פון דער גאַנצער געזעלשאַפט הענגט קיין ברעקעל נישט אָפּ פון דער נאָדעל-אינדוסטריע, פון דער בעקעריי, פון דער טאַבאַק-פּראָדוקציע. אַלע פעדים פון דער אַרבייט און אַנטוויקלונג ציהען זיך פון די מי-נען, אייזענבאַנען, ים-שיפעריי,—אַהין ווייט צו דער אויבערפלעך פון סאָציאַלען לעבען, צו דעם פון די פאַרטיגע אינדוסטריע-פּראָדוקטען.

די טרוקענע ציפערען בעקלאַגען זיך, אַז די יודישע ווירט-

שאַפט מוז בלייבען אַן אָפּגעשטאַנענע, אַז די יודישע קולטור מוז בלייבען אין געפאַלענקייט, אַז דער פאָליטישער גורל פונ'ם יודישען פאָלק מוז בלייבען אין שטענדיגער אָפּהענגיגקייט, — אַזוי לאַנג, ווי דאָס יודישע פאָלק וועט לעבען ווייט פון דער נאַטור און באָדען, ווייט פון דער אור-פּראָדוקציע. די ציפער זאָגען עדות, אַז דער יודישער סאָציאַליזם, אַז דער יודישער קלאַסען-קאַמף, די יודישע רעוואָלוציע ווען שפּילען פונקט אַזאַ נישטיגע ראָל אינ'ם סאָ-ציאַליזם, קלאַסען-קאַמף און רעוואָלוציע פון די אַרומיגע פעלקער, וויפיל די יודישע נאָדעל, דער יודישער פּרעס-אייזען האָבען אַ ווערט אין פאַרגלייך מיט'ן נישט יודישען אַקער-אייזען, מיט דער נישט-יודישער דאַמף-מאַשין, מיט'ן נישט-יודישען טראַנסאַטלאַנטיק.

אָט דאָס איז די היסטאָרישע קראַנקהייט פון דער יודישער עקאָנאָמיק. און פאַראייביגען די קראַנקהייט ווילען אַלע יענע, וועלכע שטרעבען צוצושמידען דאָס יודישע פאָלק צו דער שיטערער לופט פונ'ם גלות, אַלע יענע, וואָס זוכען דאָס פאָלק איינצוּוויגען מיט גלות-ניגונים און גלות-האָפנונגען.

אָט דאָס איז די היסטאָרישע קראַנקהייט פון דעם יודישען ווירט-שאַפטס-לעבען, ווי מיר האָבען זי געפּרובט אויסדריקען אין די מאָדערנע עקאָנאָמישע בעגריפען. נאָר לאָמיר נאָך פּרובען צו בעלייכטען אָט די ערשיינונגען מיט'ן ליכט פון דער מאַרקסיסטישער תורה.

.4

דעם גאַנצען מאָדערנעם קאַפּיטאַל טיילט - איין מאַרקס אין צוויי גרויסע קאַטעגאָריעס: 1) דער קאָנסטאַנטער (שטענדיגער) קאַפּיטאַל, וואָס בעשטייט פון פּראָדוקציאָנס-מיטלען, מאַ-טעריאַלען און ענליכע אָביעקטיווע פּראָדוקציאָנס-אומשטענדען, ווי די באָדען-רענטע, פאַבריק-געביידעס, פאַרקערס-מיטלען, רוי-מאַטעריאַלען, קוילען, מאַשינען, אינסטרומענטען וכדומה: 2) דער וואַריאַבלער (פאַרענדערליכער) קאַפּיטאַל, וואָס בעשטייט אין

דער מענשליכער ארבייטס-קראַפט. ווען אַן אייגצעלנער קאַפּיטאַליסט אינוועסטירט קאַפּיטאַל אין אַ געוויסער אונטערנעמונג, דאַרף מען, לויט קאַרל מאַרקס, דעם דאָזיגען קאַפּיטאַל בעטראַכ־טען אַלס אַ סומע פון צוויי חלקים: וואָס דער אונטערנעמער אינ־וועסטירט אין רענטע, אין מאַשינען, אין קוילען, אייזענבאַן־פראַכט וכדומה. דאָס אַלץ איז דער קאָנסטאַנטער טייל פון'ם אינוועסטירטען קאַפּיטאַל; און וואָס דער קאַפּיטאַליסט צאָלט אויס אין שכירות די אַרבייטער און אָנגעשטעלטע, דאָס בילדעט דעם וואַריאַבלען טייל פון'ם אינוועסטירטען קאַפּיטאַל. דעסגלייכען מיט דער גאַנצער סומע קאַפּיטאַלען, וואָס די גאַנצע מענשהייט אינוועסטירט אין אַלעווירטשאַפטליכע אונטערנעמונגען: דער גאַנצער קאַפּיטאַל פון דער וועלט בעשטייט פון אַ קאָנסטאַנטען און אַ וואַריאַבלען חלק.

דער קאַפּיטאַל פאַלט נישט אַראָפּ פון הימעל און וואַקסט נישט פאַרטיגערהייט אויף ביימער, נאָר ער ווערט געשאַפען דורך שווערער מענשליכער אַרבייט. סיי דער קאָנסטאַנטער, סיי דער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל ווערען פּראָדוצירט פון מענשען. הייגט איז קלאָר, אַז יודען פּראָדוצירען גאָר נישט קיין קאָנס־טאַנטען קאַפּיטאַל, ווייל זיי פּראָדוצירען נישט קיין געביידעס, מאַשינען, פאַרקערס-מיטלען, קיין רוי-מאַטעריאַלען, קיין הילפס־מאַטעריאַלען, וכדומה. די יודישע אַרבייט בעטייליגט זיך בכלל נישט אין דער שאַפונג און אין דער פאַרטיילונג פון'ם קאָנסטאַנ־טען קאַפּיטאַל. די גאַנצע יודישע אַרבייט ווערט אריינ־געלייגט אין דער פּראָדוקציע פון'ם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל. און אויך דאָ האָבען די יודען אויסצושטיין די קאָנ־קורענץ פון די נישט יודישע אַרבייטער.

ווייטער מוז בעמערקט ווערען, אַזביידע חלקים פון קאַפּי־טאַל האַלטען אין איין וואַקסען, נאָר דער קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל וואַקסט שנעלער פון דעם וואַריאַבלען. וואָס מער ס'אַנטוויקעלט

זיך די טעכניק, אַלץ מער ווערט די אַרבייט געטון דורך דער מאַשין אָנשטאָט דעם מענשען. אַמאָל האָט איין אַרבייטער פּראָדוּ-צירט אין דערזעלביגער צייט פינף, צען, צוואַנציג מאָל ווייני-גער אַרבייט, איידער ער טוט עס איצט מיט דער הילף פון דער מאַשין. היינט בעגייט מען זיך צו דער מאַשין מיט אַ קלייגער צאָל אַרבייטער דאָרט, וואו מען האָט אַמאָל געבּרויכט צענדליגער אָדער הונדערטער אַרבייטער. וואָס מער פאָלקאָם די מאַשינען, אַלץ ווייניגער מענשען ברויכט מען צו זיי. ס'וואַקסט די צאָל מאַשינען זייער שנעל און אין פאַרגלייך דערמיט פאַרקלענערט זיך אַלץ מער די צאָל אַרבייטער. נמצא, אַז דער קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל וואַקסט אויפ'ן חשבון פונ'ם וואַריאַבּלען קאַפּיטאַל. דאָס איז איינער פון די וויכטיגסטע געזעצען פון קאַרל מאַרקס'ס תורה.

קאַרל מאַרקס בעווייזט, ווי אַזוי די מאַשין שטויסט אַרויס דעם אַרבייטער, — און דער וואַריאַבּלער קאַפּיטאַל ווערט אַרויס-געשטויסען דורכ'ן קאָנסטאַנטען קאַפּיטאַל. און אַזוי ווי מיר האָבען געזעהן, אַז די יודישע אַרבייט איז אינגאַנצען פאַר-טון אין פּראָדוצירען דעם וואַריאַבּלען קאַפּיטאַל, איז דערפון געדרונגען, אַז די יודישע אַרבייט ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער אַרויסגעשטויסען דורך נישט-יודישער אַרבייט.

דאָס איז אַ קלאָרער לאָגישער שלוס פון מאַרקס'ס עקאָנאָ-מישע אַנטדעקונגען. און אויב אונזערע אָפיציעלע „מאַרקסיסטען" זעהען דאָס נישט איין, איז עס בלויז דערפאַר, ווייל זיי איז אין דערווירקליכקייט פרעמד יעדער וויסענשאַפטליכער בליק אויף דער יודישער עקאָנאָמיק.

די יודישע אַרבייט ווערט אַרויסגעשטויסען און מוז אַרויס-געשטויסען ווערען מיט דעם פּראָגרעס פון דער טעכניק. די יודי-

שע אַרבייט מוז זיין טעכניש אָפּגעשטאַנען, ווייל די מאַשין איז איר גרעסטער שונא, און דאָס שטאַמט אַלץ פון דערזעלביגער סיבה — וואָס די יודען זענען אָבגעריסען פון דער נאַטור, פון׳ם גרונד און באָדען.

די אַרויסשטויסונג פון יודישער אַרבייט, איז צום גליק, נישט קיין מאָמענטאַלער, נאָר אַ פאַרצויגענער פּראָצעס. יודישע וועבער, שוסטער, מעבעל-מאַכער, טאַבאַק-אַרבייטער, נאַפט-גרעבער, ווערען נאָר ביסלעכווייז אַרויסגעשטויסען אין אייראָפּע דורך נישט-יודישער אַרבייט. יודישע וועבער זענען אין לאָדז און אין ביאַליסטאָק שוין כמעט פאַרשוואונדען פון דער פּראָדוקציע, דורכדעם וואָס דער דאַמף-וועבער-שטול איז אַהין אַריינגעדרונגען און האָט גע-בראַכט מיט זיך קריסטליכע אַרבייט אויפ׳ן פּלאַץ פון דער יודישער. די שיך-מאַכעריי אין וואַרשע און אָדעס האָט דורכגעמאַכט אַן ענ-ליכע עוואָלוציע: דער איבערגאַנג פון האַנט-אַרבייט צו מאַשין-אַרבייט האָט אויך געבראַכט צום איבערגאַנג פון יודישער אַרבייט צו קריסטליכער. די גרויסע טאַבאַק-פאַבריקען אין רוסלאַנד זענען אַריבער כמעט דורכויס צו קריסטליכע אַרבייטער. די יודישע אַר-בייטער זענען פאַרטריבען געוואָרען פון די נאַפט-גריבער אין באָריס-לאַוו נעבען דראָהאָביטש, אין גאַליציע נאָר גלייכצייטיג זוכען-אויס די יודען נייע בעשעפטיגונגען, עמיגרירען צו דעם צוועק אין אַלע עקען וועלט און בויען דאָרט אויס נייע אינדוסטריען.

אָבער אויך אין די נייע איינוואַנדערונגס-לענדער יאָגט אונז נאָך דאָס אייגענע געזעץ פון אַרויסשטויסונג, מיר האָבען אין ענג-לאַנד געשאַפען אַ גרויסע נאָדעל-אינדוסטריע אויפ׳ן פּרינציפּ פון „געטיילטער אַרבייט״ און צום סוף ווערען דאָרט די יודישע אַר-בייטער פאַרביטען דורך קריסטליכע מיידלעך. אין אַמעריקע איז די גאַנצע נאָדעל-אינדוסטריע אויסגעוואַקסען פון יודישען שווייס און דער רעזולטאַט איז, וואָס זי גליטשט זיך שוין אַרויס אַלץ

מער פֿון די יודישע הענט. לאַנגזאַם, שריט בײ שריט ווערט אַלץ קלענער דער פּראָצענט יודישע אַרבײטער אין דער אַמעריקאַנער נאָדעל-אינדוסטריע און ס'וואַקסט די צאָל איטאַליענישע, פּוילישע, ליטווישע און סירישע אַרבײטער.

ביז איצט האָבען מיר געזעהן, אַז די יודישע עקאָנאָמיק לײדט פֿון אַ קראַנקהײט,—פֿון דער אָפּגעריסענקײט פֿון דער נאַטור. דאָס איז אַ היסטאָרישע, און דעריבער אַ כראָנישע, שטילע חולאַת. מיט אַ כראָנישער חולאַת קאָן אַן אָרגאַניזם לעבען אַ לאַנגע צײט; דער יודישער פֿאָלקס-אָרגאַניזם האָט זיך ווי נישט איז אײנגעלעבט מיט דער כראָנישער אַנאָמאַליע, וואָס מאַטערט אים שוין באַלד צווײ טויזענט יאָר. נאָר דער מאַרקסיסטישער אַנאַליז פֿון דער קראַנקהײט האָט אונז געבראַכט צו נאָך אַן ערגערען רעזולטאַט. ער האָט אונז בעוויזען, אַז אין דער מאָדערנער **קאַפּיטאַליסטישער** אָרדנונג ווערט די יודישע קראַנקהײט נאָך מער קאָמפּליצירט, פֿאַרפּלאָנטערט און פֿאַרערגערט דורך דער **אַרויסשטויסונג**. די טויזענטיעריגע חולאַת איז שוין מער נישט קײן שטילע און כראָנישע, נאָר אַ **שאַרפֿע** און **פֿיבערהאַפֿטע**.

די היסטאָרישע אוממעגליכקײט פֿונ'ם יודישען גלות-לעבען איז דער **עקסטעריטאָריאַליזם**,—דאָס פֿעלען פֿון אַ טעריטאָריע, די אָפּגעריסענקײט פֿון נאַטור און באָדען. און אָט די אײגענטליכקײט און אומנאָרמאַלע, קראַנקהאַפֿטע ערשײנונג האָט אין דער סביבה פֿון קאַפּיטאַליסטישער קאָנקורענץ געמוזט אָננעמען דעם כאַראַקטער פֿון אַ פֿיבערהאַפֿטער חולאַת.

די טאַבעלע 2 וועט אונז צײגען, ווי אַזוי דאָס יודישע פֿאָלק מיהט זיך מיט זײנע אײגענע מיטלען בײצוקומען די דאָזיגע חולאַת.

וואָס זאָגט אונז די דאָזיגע טאַבעלע?

**איטאַליע**, דאָס לאַנד, וואָס האָט אַזאַ קנאַפּע צאָל יו-

דען און וואו די יודען שטייען אַזוי גוט עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און קולטורעל, אפשר בעסער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער פֿון גאָר דער וועלט: דאָס לאַנד פֿון יודען מיניסטאָרען, יודען־געלערנטע און יודען־פּאָליטישע פֿירער, צייגט אונז די אומפּראָדוקטיווסטע, אומגלייכסטע צוטיילונג פֿון פּרנסות. מיט לאַנדווירטשאַפֿט האָבען דאָרט די יודען אַזוי גוט ווי גאָרנישט געמיינזאַמס, פֿון אינדוסטריע לעבען קנאַפּע ניין פּראָצענט איטאַליענישע יודען, און דאָס אויך נישט אַלס אַרבייטער און אָנגעשטעלטע, נאָר בלויז אַלס רייכע אונטערנעמער. אַ העלפֿט איטאַליענישע יודען מאַכען אַ לעבען פֿון מסחר, כּמעט אַלע איטאַליענישע יודען מאַכען אַ לעבען פֿון דעם, וואָס זיי עקספּלאָאַטירען פֿרעמדע אַרבייט, און דערצו עקספּלאָאַטירען זיי אויף אַ העכסט אומפּראָדוקטיווען אופֿן.

כּמעט דאָס זעלביגע אין דייטשלאַנד. דאָ זענען די יודען צוועלף מאָל גרעסער אין צאָל, איידער אין איטאַליע און בכן אויף אַ סך ווייניגער פֿריי, פֿאַרנעמען דורכאויס אַ נידריגען פּלאַץ אין׳ם פּאָליטישען לעבען פֿון לאַנד. זעהען מיר אָבער, אַז די דייטשע יודען זענען שוין אין זייערע פּרנסות אַ סך מער פּראָדוקטיוו, איידער אין איטאַליע: 22 פּראָצענט דייטשע יודען לעבען פֿון אינדוסטריע. פֿאָרט בלייבט די יודישע ראָל אין דייטשלאַנד די ראָל פֿון עקספּלאָאַטירענדיגען קאַפּיטאַל.

אין עסטרייך איז די צאָל יודען צוויי מאָל גרעסער ווי אין דייטשלאַנד: אין גאַליציע, אין בוקאָווינע און אין ווין וואוינען די יודען אין געדיכטע מאַסען. דאָ זעהען מיר שוין דעם דייטליכען דראַנג פֿון די מאַסען צו מער פּראָדוקטיווע, מער צו דער נאַטור נאָענטע פּרנסות. שוין מער, ווי אַ פֿערטעל יודען פֿאַרנעמען זיך אין דער אינדוסטריע,—יודען גיבען שוין אַ העכערען חלק אין דער אינדוסטריע, איידער די אַרומיגע בעפֿעלקערונג. און על

פי רוב זענען עס נישט קיין קאַפּיטאַליסטען, נאָר האָרעפּאַשנע קליין-בעלי-מלאכות און לוין-אַרבייטער. אַ גרויסע טייל עסטרייכי-שע יודען לעבען אינ׳ם שוויס פֿון זייער פּנים. כּמעט דרייצען פּראָצענט יודען אין עסטרייך ציהען זייער חיונה שוין פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט, ד. ה. מער ווי אַ צענט חלק יודען איז אין דעם לאַנד אַריינגעדרונגען אין די ערשטע, נאַטור-נאָנטסטע, באָדען-פֿעסטע סטאַדיען פֿון אורפּראָדוקציע.

אין רוסלאַנד מערקען מיר אויך אַ דייטליכערען פּראָצעס, ווי די יודישע מאַסען שטרעבען צו פּראָדוקטיווער אַרבייט. בעת אין אַלע אַנדערע לענדער פֿון אייראָפּע לעבען יודען מער פֿון האַנדעל, איידער פֿון אינדוסטריע, — איז אין רוסלאַנד דער היפּוך דערפֿון: דאָ זענען שוין די יודען מער פֿאַרטון אין דער אינדו-סטריע, ווי אין מסחר. און נישט קוקענדיג אויף די שרעקליכע רעכט-בעגרעניצונגען, אויף דער „טשערטאַ״, אויף דעם פֿאַרבאָט צו וואוינען אין די דערפֿער, מיהען זיך די יודען פֿאָרט דורכצו-שלאָגען זיך אַ וועג צו דער נאַטור, צו דער ערד.

אַ געוואַלטיגער פּראָצעס קומט פֿאָר ביי יודען, אַ לאַנגזאַמע עקאָנאָמישע רעוואָלוציע, — דער איבערגאַנג פֿון אונזערע מאַסען צו פּראָדוקטיווער און מער נאַטור נאָנטער אַרבייט. דעם שפּיץ פֿון אָט דעם פּראָצעס זעהען מיר אין דער עמיגראַציע. די ציפֿערען מכח אַמעריקע בעווייזען אונז, אַז דאָ אין לאַנד איז שוין די פּראָ-דוקטיווע אַרבייט געוואָרען כּמעט דער גאַנצער יסוד פֿון יודישען לעבען, און דער אַרבייטס-פּראָלעטאַריער איז געוואָרען דער ריכ-טיגסטער פֿאַרטרעטער פֿון יודישען טיפּ.

מיר האָבען נישט קיין ציפֿערען מכח ארץ-ישראל און אַר-גענטינע, נאָר ס׳איז נאָר קיין ספֿק נישט, אַז דאָרט אין די נייע יודישע קאָלאָניעס און אין די שטעט, וואָס זענען מיט די קאָלאָ-ניעס פֿאַרבונדען, איז די יודישע אַרבייט נאָך פּראָדוקטיווער, נאָך

נענטער געוואָרען צו דער נאַטור, נאָך פעסטער איינגעפונדעוועט און איינגעוואָרצעלט אין'ם באָדען, איידער אין די פאַרייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע. און ס'איז ווייטער קיין ספק נישט, אַז אין ארץ-ישראל זיינען די יודישע פאָזיציעס נאָך פעסטער, נאַטירליכער, וויינינגער אָפהענגיג פון צופאַלס-שפיל, איידער אפילו אין אַרגענטינע מיט איר פאַרדאָרבענער און אפשר שוין באַנקראָטירטער יק"א-קאָלאָניזאַציע.

דאָס יודישע פאָלק האָט אַ גאַנץ יאָרהונדערט בלינדערהייט געזוכט זיין וועג צוריק צו דער נאַטור, צום באָדען. און ענדליך האָט ער דעם וועג געפונען: דער ציוניזם איז דער לאָגישער, דער נאַטירליכער רעזולטאַט פון דער עקאָנאָמישער רעוואָלוציע, וואָס האַלט-אָן שוין הונדערטער יאָרען אין די יודישע מאַסען. שוין אין גלות שטרעבט אונזער פאָלק מיט אַלע כחות צו דער פראָדוקטיוויזירונג און נאַטוראַליזירונג פון זיין אַרבייט, פון זיינע פרנסות. נאָר די סביבה אין גלות איז צו ענג, צו אומגינציג פאַר דעם דאָזיגען ראַדיקאַלען איבערבוי. דעריבער איז די שטרעבונג בלינד, סטיכייאיש, פול מיט אינערליכע סתירות, מיט שוואַנקונגען, מיט יסורים. אָט ווערט דער אימיגראַנט אַ פראָדוקטיווער אַרבייטער, און אָט ציט אים ווידער צו זיין טראַדיציאָנעלען מסחר, צו פעדלעריי, צו לייכטען לעבען אויפ'ן חשבון פון אַנדערע, צו עקאָנאָמישער בטלנות, צו עקספלאָאַטאַציע.

דער ציוניזם איז די איינציגע בעוועגונג, וואָס איז בכח אַריינצוטראָגען אַהערצו ליכט פון בעוואוסטזיין, סיסטעם און פלאַנמעסיגקייט. דער ציוניזם איז די עקאָנאָמיש-היסטאָרישע נויטווענדיגקייט פאַר'ן יודישען פאָלק.

## טאַבעלע 1

| פּראָדוקציאָנס-צווייג | אין דער רוסישער משערטא: יודען | אין דער רוסישער משערטא: פּראָצענט פון גאנצען לאנד | אין גאַליציע: יודען | אין גאַליציע: פּראָצענט פון גאנצען לאנד |
|---|---|---|---|---|
| **עס האָבען זיך בעשעפטיגט אַלס בערופסטעטיגע:** | | | | |
| **1. לאַנדווירטשאַפטליכע אור-פּראָדוקציע:** | | | | |
| אַקערבוי, גערטנעריי און פיהצוכט . . | 35822 | 0,6 | 47996 | 1,5 |
| **2. אינדוסטריעלע אור-פּראָדוקצ.:** | | | | |
| בערג-בוי, מינען . . . . . . . . . . | 1006 | 1,8 | 1053 | 8,3 |
| שטיינער און ערדען . . . . . . . . | 5187 | 12,5 | 696 | 10,6 |
| װאַלד-ווירטשאַפט . . . . . . . . . . | 3200 | 12,4 | 928 | 10,6 |
| ס"ה קלאַס 2 | 9393 | 7,7 | 2677 | 9,5 |
| **3. סעקונדערע מיטעלערע סטאַדיען:** | | | | |
| מעטאַל-אינדוסטריע . . . . . . . . . | 40082 | 21,2 | 4410 | 15,9 |
| טעקסטיל-אינדוסטריע . . . . . . . . | 33200 | 19,0 | 1421 | 14,7 |
| בוי-אינדוסטריע . . . . . . . . . . . | 37136 | 18,9 | 3110 | 13,0 |
| ס"ה קלאַס 3 | 110418 | 19,7 | 8941 | 14,5 |
| **4. טערציערע מיטעלערע סטאַדיען:** | | | | |
| האָלץ-אינדוסטריע . . . . . . . . . . | 41359 | 27,2 | 4229 | 18,1 |
| כעמישע אינדוסטריען . . . . . . . . | 6514 | 34,1 | 1430 | 37,9 |
| לעדער און פּאַפּיר . . . . . . . . . | 20446 | 43,9 | 1938 | 39,2 |
| ס"ה קלאַס 4 | 68319 | 31,3 | 7597 | 23,7 |
| **5. לעצטע סטאַדיען פון אינדוסטריע:** | | | | |
| נארונגס-מיטעל אינדוסטריע . . . . | 44797 | 34,8 | 11036 | 48,9 |
| משקאות און טאַבאַק . . . . . . . . | 23548 | 38,3 | 22981 | 70,8 |
| קליידונגס-און היגיענישע אינדוסטריען . | 244534 | 48,1 | 20298 | 35,2 |
| טיפּאָגראַפישע און ענליכע אינדוסטריען . | 18996 | 53,9 | 450 | 21,4 |
| זייגערס און פּרעציזיאָנס-אינסטרומענטען | 5240 | 66,5 | | |
| ס"ה קלאַס 5 | 337115 | 45,5 | 54765 | 47,7 |

## טאבעלע 2

הונדערט בעשעפטיגטע (ערווערב-טעטיגע) יודען און נישט-יודען טיילען זיך לויט זייער בעשעפטיגונג אזוי :

| ווירטשאפטס-צווייגען. | איטאליע אין 1901 | | דייטשלאנד אין 1907 | | עסטרייך אין 1900 | | רוסלאנד (טשערטא) אין 1897 | | אמעריקע (פאר.שט.) אין 1900 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | יודען | די גאנצע בעפעלק. | יודען | די גאנצע בעפעלק. | יודען | די גאנצע בעפעלק. | יודען | די גאנצע בעפעלק. | „רוסען" | די גאנצע בעפעלק. |
| 1) לאנדווירטשאפט | 0,3 | 53,3 | 1,3 | 33,1 | 12,8 | 58,1 | 2,5 | 53,0 | 10,0 | 35,7 |
| 2) אינדוסטריע | 8,7 | 22,4 | 21,9 | 37,4 | 27,5 | 22,3 | 36,2 | 14,6 | 48,4 | 24,4 |
| 3) האנדעל און פערקער | 50,3 | 8,3 | 50,5 | 11,1 | 34,4 | 5,1 | 34,6 | 7,4 | 28,2 | 16,4 |
| 4) פריוואט-דינסט | 0,3 | 1,4 | 0,5 | 1,6 | 5,2 | 2,2 | 11,9 | 11,8 | 11,2 | 19,2 |
| 5) פרייע פראפעסיעס, געזעל-שאפטליכער און מלוכה-דינסט | 18,7 | 6,4 | 6,5 | 5,7 | 8,3 | 4,5 | 7,2 | 8,2 | | |
| 6) רענטיירס, נישט-פראדוקטיווע און אומבעשטימטע פראפעסיעס | 21,7 | 8,2 | 19,3 | 11,1 | 11,8 | 7,8 | 7,6 | 5,0 | | |
| סך הכל | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |